# אנדערסענס מעשהלעך

יידיש דער נסתר

№ 9

# דאס העסליכע קאטשערל.
# די מארגאריטקע.

פארלאג
„קולטור-ליגע"
ווארשע.

# אנדערסענס מעשהלעך

יידיש דער נסתּר

№ 9

# דאס העסליכע קאַטשערל.

# די מאַרגאַריטקע.

פאַרלאַג
„קולטור-ליגע“
וואַרשע.

# דאס העסליכע קאַטשערל.

גוט איז געווען אונטער דער שטאָט! ס'איז זומער=לעב
געוועזן, דאָס קאָרן האָט שוין געלן אָנגעהויבן, דער האָבער
איז שוין גרין געוואָרן, דאָס היי שוין אין הויפנס צענויפגע=
לייגט געווען; איבער דער גרינער לאָנקע האָט דער לאַנגפי=
סיקער בושל אַרומגעשפּאַצירט און אויף מצרים=לשון געפּלאַפּלט,
—די שפּראַך האָט ער זיך ביי זיין מוטער אויסגעלערנט.
הינטער די פעלדער און לאָנקעס האָבן זיך גרויסע וועלדער,
מיט טיפע אָזערעס אין זייערע געדיכטעגישן, געצויגן! יאָ,
גוט איז אונטערן שטאָט געווען! פּונקט אַנטקעגן דער זון איז
אַן אַלטער פּריצים=מאַיאָנטעק געלעגן, מיט טיפע וואַסער=
קאַנאַלן אַרומגערינגלט; פון סאַמע געביי הארט ביזן וואַסער
האָט דער ווינט=בלאַט געוואַקסן, און אַזאַ הויכער, אַז קליינע
קינדער האָבן אונטער די סאַמע היפשע בלעטער זיינע אין
גאַנצן וואוקס זייערן זיך געקאָנט אויעקשטעלן.

אין דער סאַמע געדיכטעניש פון ווינט=בלאַט איז אויך
אַזוי פאַרוואָרלאָזט=פאַרווילדעוועט געווען, ווי אין אַ וואַלד
א געדיכטן, און אָט דאָרטן איז א קאַטשקע אויף אייער געזעסן.
געזעסן איז זי שוין לאַנג, און ס'איז שוין געבנוג נמאס געוואָרן
דאָס זיצן, — מ'האָט זי ווייניק באזוכט; די אנדערע קאטשקעס
איז פיל אָנגענעמער געווען איבער די קאנאלעכלעך ארומצע
שווימען, איידער אין ווינט=בלאט זיצן און מיט איר צו
גאוויאגען.

לסוף האָבן די איי-שאָלעכצלעך שוין געפּלאַצט — פּי! פּי! — האָט זיך ארויסדערהערט פון זיי — די איי-געלעכלעך האָבן אויפגעלעבט און האָבן פון די שאָלעכצלעך די נעזעלעך ארויסגעשטעקט.

— לעבעדיק! לעבעדיק! — האָט זיך די קאטשקע צע-גאוויאגעט, און די קאטשקעלעך האבן זיך אונטערגעאיילט, זיך ווי-ניט-ווי ארויסגעקראַטשקעוועט און ארום זיך ארומצוקוקן אנגעהויבן, די גרינע בלעטער פון ווינט-בלאט באטראכ-טנדיק: די מוטער האט זיי ניטט געשטערט — די גרינע שיין איז גוט צו די אויגן.

— ווי גרויס די וועלט איז! — האבן געזאגט די קאטש-קעלעך. אודאי! איצט איז פאר זיי א סך מער ארט געווען, ווי דעמאלט, ווען זיי זיינען אין די איי-שאלעכצלעך געלעגן.

— און איר מיינט, אז דאס איז שוין אין גאנצן די וועלט? — האט געזאגט די מוטער — ניין! זי גייט אוועק ווייט-ווייט, אזש אהין, אויף היגטערן סאד, אין גלחס פעלד אריין, אבער דארט בין איך נאך, זינט איך לעב, ניטט געווען... נו, וואס, אלע זיינט איר דאָ דאָ? — און זי איז אויפגעשטא-נען. — אך, ניין, ניט אלע! סאמע דאס גרעסטע איי איז אין גאנצן גאנץ געווען! וועט שוין א מאל צו דעם אן עק נעמען? ס'האט מיר שוין דערעסן, כ'לעבן!

און זי האט זיך ווייטער אוועקגעזעצט.

— נו, וואס הערט זיך? — האט צו איר אן אלטע קא-טשקע פארקוקט.

— אט, איינס אן איי נאך איז פארבליבן! — האט געזאגט די יונגע קאטשקע. — איך זיץ און זיץ, און ס'קומט גאר ניטט ארויס. גיב נאר אבער א קוק אויף די איבעריקע! פשוט א פרייד! שרעקליך אין פאטער געראטן! און ער, דער טויגעניכטס, דער אזוינער, האט מיך נאך איין מאל ניטט באזוכט אפילו!

— שטעל זיך נאר אויף, לאָמיך נאר אויפן איי א קוק טאן! — האט געזאגט די אלטע קאטשקע, — מעגליך, אז דאס

איז גאר אן אינדיטשקע־איי! מיך האט מען אויך א מאל אפּ־
געגארט! נו, האב איך זיך דאס אנגעמוטשעט, אז איך האב
די אינדיקלעך אויסגעפּירט! זיי האבן שרעקליך פאַרן וואסער
מורא; האב איך עס געקראקעט און געשריגן, און אין וואַסער
געשטופּט זיי — זיי גייען נישט, און איין מאל ניין! אנו,
לאז מיך נאר אויפן איי א קוק טאן; ווי געטראפן! אן אינ־
דיטשקע! ווארף עס אוועק, און גיי לערן די איבעריקע
שווימען!

— איך וועל שוין נאך א ביסעלע זיצן! — האט געזאגט
די יונגע קאטשקע. — אזוי פיל געזעסן, דארף מען שוין נאך
א ביסעלע זיצן.

— ווי דו ווילסט זיך! — האט געזאגט די אלטע קאטש־
קע און זיך אוועקגעגאן.

לסוף האט אויך די שאלעכץ פונם סאמע גרעסטן איי
געפּלאצט — פּי! פּי! — און פון דארטן האט זיך א גרויס און
זעהר נישט קיין שיין יונג־פייגעלע ארויסגעווארפן. די קאטש־
קע האט דאס ארומגעבאטראכט. — א שרעקליך גרויס! — האט
זי געזאגט. — און גאר נישט צו די איבעריקע ענליך! זאל דאס,
אַ סברא, אן אינדיקל זיין! נו, אין וואסער וועט עס ביי מיר
מוזן גיין, ס׳זאל מיר אַפילו אויסקומען דאס אהין מיט גע־
וואלט ארייננצושטויסן.

אויפן צווייטן טאג איז דער אינדרויסן א וואונדערליכער
געוועזן! דער גרינער ווינט־בלאט איז אינגאנצן מיט זון פאר־
גאסן געוועזן. די קאטשקע האט זיך מיטן גאנצן הערטל אירן
צום קאנאל אוועקגעלאזט. — בול־טייך! — און די קאטשקע איז
אין וואסער אריין.

— נאך מיר! לעבעדיק! — האט זי גערופן די קאטשקע־
לעך, און אויך יענע האבן איינס נאכן אנדערן אין וואסער
זיך אריינגעבולבעט.

צום אלעם ערשטן איז דאס וואסער זיי איבער די קע־
פּעלעך אריבער, אבער באלד דערנאך האבן זיי זיך ארויס־
געקעפּלט און שווימען אוועק, און אזוי, אז ס׳א חיות געווען

די לאפקעלעך ביי זיי האבן אזוי געארבעט, אזוי געארבעט; דאס נישט־שיינע קאטשקעלע דאס גרויע איז פון די איבע־ריקע נישט אפגעשטאנען.

— וואס־זשע פאר אן אינדיקל איז דאס? — האט געזאגט די קאטשקע. — ווי ער ארבעט עס מיט די לאפקעס אביסל, ווי גלייך ער האלט זיך! ניין, דאס איז אן אייגענער זון מיינער! ער איז אויך גאר נישט אזוי מיאוס, אז מ'קוקט זיך אין אים גוט איין! נו, לעבעדיקער! נאך מיר! איך וועל אייך באלד אין א געזעלשאפט ארייננפירן, — מיר וועלן זיך אויפן עופות־הויף אוועקלאזן. נאר האלט זיך נעבן מיר, מ'זאל קיינער אויף אייך נישט אנטרעטן, און היט זיך פאר קעץ!

באלד האבן זיי זיך צום עופות־הויף דערקליבן. טאטע־פאטער! וואס פאר א רעש און ליארעם דארט איז געווען: צוויי משפחות האבן זיך פאר איין שלייענדל־קעפל געשלאגן, און לסוף פון אלע סופן איז דאס צו דער קאץ ארייננגעפאלן.

— אט, ווי אויף דער וועלט פירט זיך! — האט געזאגט די מוטער און מיטן ציינגל דאס פיסקל זיך באלעקט, — איר האט זיך זעהר געוואלט פונם שלייענדל־קעפל פאר־זוכן. — נו, נו, צעגייט זיך נאר מיט די לאפקעלעך! — האט זי געזאגט צו די קאטשקעלעך. — צעגאוויאגעט זיך און פאר־נייגט זיך נאר פאר דער אלטער קאטשקע דארט! זי איז דא די באוואוסטע פון אלע, פון הישפאניע שטאמט זי, און דער־פאר איז זי אַ פעטע אַזאַ. איר זעט אַ רויט שמאטקעלע־אויפן לאפקעלע ביי איר? ווי שיין! דאס איז א צייכן פארן בעסטן אויסצייכענען זיך, צו וואס אַ קאטשקע נאר קאן זיך דערדינען. מענטשן גיבן אכטונג, אז זיי ווילן זי נישט פאר־לירן; אין דעם שמאטקעלע דערקענען זי אי מענטשן, אי עופות. נו, לעבעדיקער! האלט־זשע ניט די לאפקעס אינאייגעם! א וואויל דערצויגן קאטשקעלע דארף האלטן די לאפקעלעך צענומען, און זיי איבערקערן אויף פארקערט, אזוי ווי דער טאטע און די מאמע. פארנייגט־זשע זיך און גאוויאגעט!

האבן זיי טאקע אזוי געטאן, אבער די אנדערע קאטש־

קעלעך האבן, זיי ארומקוקנדיק, אזוי געזאָגט:

— אט האסטו דיר! טאמער איז דיר ווייניק געווען נאך א נייע מחנה א גאנצע! און איינער דארט, וואס פאר א העסליכער! אים וועלן מיר שוין גאר נישט פארליידן! — און באלד איז איינע א קאטשקע אונטערגעשפרונגען און האט אים אין האלז א פיק געטאן.

— לאזט אים אפ! — האט געזאגט די קאטשקע־מוטער, — ער האט דאך אייך גארנישט ניט געטאן!

— זאל זיין, אז גארנישט, אבער ער איז דאך אזא גרויסער און אזא מאדנער! — האט געענטפערט די שלעגערין. — מ'דארף אים אנלייגן אביסל.

— וואוילע קינדער ביי דיר! — האט געזאגט די אלטע קאטשקע מיט דעם רויטן שמאטקעלע אויף דער לאפקע, — אלע זעהר פיינינקע, אויסער נאר איינעם... דער האט זיך נישט איינגעגעבן! מ'וואלט אים באדארפט איבערמאכן.

— סאיז אוממעגליך, אייער עקסעלענץ! — האט געענטפערט די קאטשקע־מוטער. — ער איז נישט קיין שיינער, דערפאר אבער איז ביי אים אַ הארץ א גוטס, און שווימען שווימט ער ניט ערגער, איך דערוועג זיך אפילו צו זאגן, אויך בעסער פון אנדערע. איך רעכן, אז ער וועט אונטערוואקסן, וועט ער שענער ווערן, און מיט דער צייט אויך קלענער ווערן. ער איז זיך אין איי פארלעגן, דערפאר האט ער זיך נישט איינגעגעבן אין גאנצן. — און זי האט מיט איר נעזל איבער די פעדערלעך פונם גרויסן קאטשקעלע א פיר געטאן. — און אויסער דעם איז ער אן „ער”, א קאטשערל, אזוי אז די שיינקייט זיינע איז דאך נישט איבעריק נויטיק. איך מיין, אז ער וועט מענישער ווערן, וועט ער זיך א וועג דורכשלאגן.

— די איבעריקע קאטשקעלעך זיינען זעהר פיינינקע! — האט געזאגט די אלטע קאטשקע. — נו, פירט־זשע זיך היימיש, און אויב איר וועט א שלייענדל־קעפל געפינען, קאנט איר עס צו מיר ברענגען.

און אט האבן זיי זיך אנגעהויבן היימיש פירן. אבער

דאס אומגליקליכע קאטשערל, וואס האט זיך אויסגעפיקט שפּע-
טער פון אלע, איז אזא העסליכס געווען, האט מען דאס גע-
פיקט, געשטופט און מיט שפּאטערייען באשיט, אלע אָן אויס-
נאם, אי די הינער, אי די קאטשקעס.

— ער איז אומגעלומפּערט גרויס! — האבן אלע געזאגט,
און דער אינדיק, וואס איז געבוירן געוואָרן מיט שפּאָרן אויף
די פיס און ער האט זיך דערפאר פאר א קיסר געהאלטן,
האט זיך אנגעבלאזן און איז ווי א שיף מיט אלע זעגלען צום
קאטשערל צוגעשפּרונגען, האט דאריף א קוק געטאן, און
איבער ברוגז עפּעס צו באַבעטשען אנגעהויבן: דאס קאפּ-
קרוינדל האט זיך ביי אים אינגאנצן מיט בלוט אנגעגאסן. און
נאך וואס, טאמער ווייסט איר, האט עס באדארפט אזא העס-
ליכס געבוירן ווערן, אַ שפּאס-ציל פאר גאנצן עופות-הויף!

אזוי איז פארגאן דער ערשטער טאג, דערנאך איז נאך
ערגער געווען. אלע האבן דאס געיאגט, דאס שלימזלדיקע,
אפילו די שוועסטער און ברידער פלעגן דעם ברוגז זאגן:
„הלואי וואלט די קאץ דיך פארשלעפּט, דו אומדערטרעגליך
פארזעעניש"! און די מוטער פלעגט צוגעבן: „וואלטן דיך
מיינע אויגן כאטש ניט געזען!" און די קאטשקעס האבן
דאס געפּיקט, די הינער געציפּט, און דאס מיידל, וואס פלעגט
די עופות עסן געבן, האט דאס מיטן פוס געשטויסן. האט דאס
קאטשערל דאס נישט אויסגעהאלטן, איז דאס דעם הויף אי-
בערגעלאפן און—איבערן פלויט אריבער! קליינע פייגעלעך
זיינען דער ראקן פון די קוסטעס זיך צעפלויגן.

— דאס האבן זיי זיך עס פאר מיר דערשראקן, אַזא
העסליכער בין איך! — האט זיך געטראכט דאס קאטשערל און
האט זיך מיט פארטראכטע אויגן ווייטער אוועקגעלאזט, ביז
ער האט אין זומפּ געטראפן, דארט, וואו די ווילדע קאטשקעס
האבן געוואוינט.

אַ מידער און אַ טרויעריקער, איז ער דארט די גאנצע
נאכט איבערגעזעסן.

אין דער פרי זיינען די קאטשקעס פון די נעסטן ארויס-

געפלויגן און דעם נייעם חבר דערזען.

— ווער ביסט דו? — האבן זיי געפרעגט, און דאס קאטשערל האט זיך געדרייט אויף אלע זייטן, ווי ער האט נאר געקאנט, זיך פארביייגנדיק.

— ביסט שרעקליך העסליך! — האבן געזאגט די ווילדע קאטשקעס. — אבער ס'איז נישט אונזער עסק, דו זאלסט נאר נישט טראכטן מיט אונז זיך משדך צו זיין.

שלימזלדיקס! ווי האט דאס גאר געקאנט טראכטן פון אזוינס! גענוג, מ'זאל דעם נאר ערלויבן דא אין טשערעט צו זיצן און זומפ-וואסער צו טרינקען!

האט עס צוויי טעג אין זומפ פארבראכט, און אויפן דריטן האבן זיך צוויי ווילדע גאָנערס באוויזן. זיי האבן זיך ערשט נישט לאנג פון די אייער אויסגעפיקט, און דעריבער האבן זיי מיט אזא גרויס האפערדיקייט ארויסגעטראטן.

— הער נאר צו, פריינט! — האבן זיי געזאגט. — דו ביסט אזא פארזעעניש, אז דו געפעלסט אונז, כ'לעבן. אפשר ווילסטו מיט אונז וואנדערן און א פרייער פויגל זיין? נישט ווייט פון דאנען, אין א צווייטן זומפ, וואוינען זעהר פייניקע ווילדע קאטשקע-פריילינס. זיי קאָנען רעדן: „ראַפּ! ראַפּ!" דו ביסט אזא פארזעעניש, אז זעהר מעגליך — דו וועסט ביי זיי זעהר אויסנעמען.

פיף! פאף! — האט זיך פלוצלים איבערן זומפ הערן געלאזט, און ביידע גאָנערס זיינען טויטע אין טשערעט געפאלן; דאס וואסער האט זיך פון בלוט פארפארבט.

פיף! פאף! — האט זיך ווייטער דערהערט, און פון דעם טשערעט האט זיך א גאנצע מחנה ווילדע גענז אויפגעהויבן. ס'א שיסעריי אוועק! די יעגערס האבן דעם זומפ פון אלע זייטן ארומגערינגלט; אייניקע פון זיי זיינען אויף די העכערע בוים-צווייגן, וואס איבער דעם זומפ, געזעסן. א בלויער רויך האט וואלקנדיק די ביימער פארהילט און איבער דעם וואסער זיך געשפרייט. איבערן זומפ האבן די יעגער-הינט ארומגע-שליאַפּעט; דער טשערעט האט זיך פון איין זייט אויף דער

אנדערער געשאקלט.

דאס אומגליקליכע קאטשערל איז פון שרעק נישט טויט און נישט לעבעדיק געווען, און ווי ער האט נאר געוואלט דעם קאָפּ אונטער דעם פליגל באהאלטן, אז ער דערזעט — ווי פאר אים האט אַ יעגער־הונט מיט אן ארויסגעשטעקטן צונג און מיט בלישטשענדיקע אויגן בייזע זיך באוויזן. דער הונט האט צום קאטשערל זיין פיסק דערנענט, די שארפע ציין אויסגעשטשירעט און — שליאַפּ, שליאַפּ — און זיך ווייטער אפּגעלאפן.

— דאנקען גאט! — האט דאס קאטשערל דעם אטעם אפּ־געכאפּט. — דאנקען גאט! איך בין אזוי העסליך, אז אפילו דער הינט וויל מיר נישט קיין ביס טאן.

און ער האט זיך אין טשערעט באהאלטן. איבערן קאָפּ אויף זייבעם זייבען אַלע ווילע שיס־שרויטעלעך געפלויגן און שיסערייען האָבן זיך געלאָזט הערן.

די שיסעריי איז צו פאַרנאַכט־צו איינגעשטילט געוואָרן, אָבער דאָס קאַטשערל האָט זיך נאָך לאַנג אַ ריר צו טאָן מורא געהאַט. ס'זייבען אַוועקגעגאַנגען נאָך אייניקע שעהן, איידער ס'האָט זיך דערוועגט אויפצוּשטיין, ארומצעקוקן זיך און ווייטער איבער פעלדער און לאָנקעס זיך לויפן לאָזן. ס'האָט אַזאַ שטאַרקער ווינט געבלאָזן, אַז דאָס קאַטשערל האָט קוים־קוים זיך רירן געקאָנט.

צו נאַכט־צו איז דאָס צו איינעם אַן אָרימען שטיבעלע צוגעלאָפן. דאָס שטיבעלע איז שוין אַזוי אַלט געווען, אַז ס'איז שוין גרייט געווען אומצעפאַלן, ס'האָט נאָר נישט געוואוסט, אויף וואָס פאַר אַ זייט זאָל עס פאַלן און דעריבער האָט זיך עס נאָך אויפ־געהאַלטן. דער ווינט האָט דאָס קאַטשערל אזוי אונטערגעכאַפּט, אז ס'איז דעם אויסגעקומען מיטן עק אין דער ערד זיך אָנצעשפּאַרן.

דער ווינט, פונדעסטוועגן, איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן; וואָס זאָל געווען טאָן דאָס קאַטשערל? צום גליק, האָט דאָס באַמערקט, אַז די טיר פון שטיבעלע איז פון איין האַטשיק אַראָפּ און העגנט אין דער קרים גאָר; מ'האָט געקאָנט פריי

דורך דעם לעכעלע אין שטיבעלע זיך דורכרוקן. האָט דאָס אַזוי סאַקע געטאָן.

אין שטיבעלע האָט געוואוינט אַן אַלטיטשקע מיט אַ הון און מיט אַ קאָטער. דעם קאָטער האָט זי „זונעלע" גערופן; ער האָט געקאָנט דעם רוקן אויסבויגן, מרוקען און אַפילו פינקען לאָזן, אויב מ'האָט אים קעגן דעם האָר-אויסגעלייג גע-גלעט. ביי דער הון זיינען קליינינקע, קורצינקע פיסעלעך געווען, האָט מען זי דעריבער קורצפיסלדיקע אָנגערופן; זי האָט פלייסיק אייער געלייגט, און די אַלטיטשקע האָט זי ווי אַ טאָכטער ליב געהאַט.

אין דער פרי האָט מען דעם אורח באַמערקט, דער קאָטער האָט מרוקען אָנגעהויבן און די הון צו קוואָקען.

— וואָס איז דאָרט? — האָט געפרעגט די אַלטע, אויף אַרום זיך אַרומקוקנדיק, און האָט דאָס קאַטשערל באַמערקט. אָבער איבער דער בלינדיקייט אירער האָט זי דאָס פאַר אַ פעט קאַטשקעלע, וואָס האָט זיך פון דער היים אָפגעשלאָגן, אָנגענומען.

— אָט אַ געווינס! — האָט געזאָגט די אַלטיטשקע. — איצט וועל איך קאַטשקע-אייער האָבן, אויב ס'איז נאָר נישט קיין קאַטשער. נו, מירן זען און אויספּרובן.

און דאָס קאַטשערל האָט מען אויף אויספּרובן גענומען. אָבער ס'זיינען דריי וואָכן אַוועקגעגאַן, און קיין אייער זיינען אַלץ נישט געווען. דער בעל-הבית אין שטוב איז געווען דער קאָטער, די בעל-הביתטע — די הון, און ביידע פלעגן זיי זאָגן: „מיר און די וועלט!" זיי האָבן זיך אַליין פאַר אַ האַלבער וועלט גערעכנט — די בעסטע העלפט אירע. דעם קאַטשערל אָבער האָט זיך געדאַכט, אַז מ'קאָן וועגן דעם אַן אַנדער מיינונג זיין. די הון האָט דאָס פאַרליידן נישט געקאָנט.

— קאָנסט אייער לייגן? — האָט זי געפרעגט ביים קאַטשערל.

— ניין!

— האַלט זשע ס'מויל!

און דער קאָטער האָט געפרעגט: —

— קאָנסט דעם רוקן אויסבויגן, מרוקען און פינקען לאָזן?
— ניין!
— טאָ שטופ־זשע דיך נישט מיט דער מיינונג דיינער, ווען קלוגע מענטשן רעדן.

און דאָס קאַטשערל איז אין אַ ווינקעלע אויפגעבלאָזן־אָנגעפעדערט געזעסן. פלוצלים, האָט זיך דעם די פרישע לופט און די זון דערמאָנט, און ס'האָט זיך דעם שרעקליך אַ שווים טאָן פאַרגלוסט! ס'האָט נישט אויסגעהאַלטן און האָט וועגן דעם דער הון דערציילט.

— וואָס געשעט עס מיט דיר? — האָט זי געפרעגט. — גייסט אַרום בטל, קריכן דיר די פוסטקייטן אין קאָפּ אַריין! לייג אייער, אָדער מרוקע, וועט עס דיר איבערגיין.
— אַך, ווי ליב־אָנגענעם ס'איז אויפן וואַסער צו שווימען! — האָט געזאָגט דאָס קאַטשערל. — און וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן ס'איז מיטן קאָפּ ביז אין סאַמע דער טיף זיך אונטערצוטוקן!
— א פיינער פאַרגעניגן! — האָט געזאָגט די הון. — דו ביסט גאָר פון זינען אַראָפּ! פרעג ביים קאָטער, ער איז דער קליגסטער פון אַלע די, וואָס איך קען נאָר, פרעג נאָר ביי אים, צי געפעלט אים שווימען אָדער גרונטעווען! פון זיך אַליין רעד איך שוין נישט! פרעג, לסוף, ביי אונזער אַלטער בעל־הביתטע, קליגער פון איר איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ! נאָך דיר באָך קומט אויס, אַז אויך איר גלוסט זיך שווימען אָדער מיטן קאָפּ זיך צו טוקן.
— איר פאַרשטייט מיך נישט! — האָט געזאָגט דאָס קאַטשערל.

— אויב מיר פאַרשטייען דיך נישט, ווער־זשע וועט דיך שוין פאַרשטיין! וואָס־זשע, דו ווילסט קליגער זיין פון דעם קאָטער מיט דער בעל־הביתטע, שוין נישט רעדנדיק פון מיר? מאַך זיך נישט נאַריש, און דאַנק בעסער דעם באַשעפער פאַר אַלץ, וואָס מ'האָט געטאָן פאַר דיר! מ'האָט דיך אין אַ היים, אַן איינקומעניש אַריינגענומען, מ'האָט דיך אָנגעוואַרימט, געפינסט זיך אין אַזאַ געזעלשאַפט, וואו דו וואָלסט זיך געקאָנט

אָפּלערנען, אָבער דו ביסט אַ פּוסטער קאָפּ, און ס'איז נישט כדאי אַפילו צו ריידן מיט דיר! גלויב־זשע מיר! איך מיין די טובה דיינע, און דעריבער זאָג איך דיר: אָט אַזוי קאָן מען תמיד די אמתע פריינט דערקענען! זע־זשע אייער לייגן, אָדער לערן זיך אויס מרוקען און פונקען לאָזן!

— איך מיין, אַז פּאַר מיר איז גלייכער אַוועק פון דאַנען און וואוהין די אויגן וועלן מיך טראָגן! — האָט געזאָגט דאָס קאַטשערל.

— און גיי געזונט, און זיי געזונט! — האָט געענטפערט די הון.

דאָס קאַטשערל איז אַוועקגעגאַנגען, געשוואומען און מיטן קאָפּ געגרונטעוועט, אָבער אַלע עופות האָבן דאָס, ווי פריער, איבער דעמס העסליכקייט פאַראַכט.

ס'איז דער האַרבסט אָנגעקומען; די בלעטלעך אויף דיביימער זיינען טייל שוין געל געוואָרן און טייל אַ ברוין־קאָליר באַקומען; דער ווינט האָט זיי אונטערגעכאַפּט און האָט זיי אין דער לופט געדרייט; אויבן, אין הימל איז אַזוי קאַלט געוואָרן, אַז די שווערע וואָלקנס האָבן מיט האָגל און מיט שניי געשאָטן, און אויפן גאָרטן איז די קראָ געזעסן און פון קעלט מיט פולן גאָרגל געקראַקעט. בררר! מ'קאָן דערפרוירן ווערן, זיך נאָר דערמאַנענ־דיק אָן אַזאַ קעלט! שלעכט איז דעם אָרימען קאַטשערל געוואָרן.

איין מאָל אויף דער נאַכט, ווען זון האָט נאָך אַזוי וואויל אין הימל געשיינט, האָט זיך פון הינטער די קוסטעס אַרויס אַ גאַנצע מחנה וואונדערליכע און גרויסע פייגלען אויפ־געהויבן; דאָס קאַטשערל האָט, זינט עס לעבט, אַזעלכע פייגלען נאָך נישט געזען; אַלע זיינען זיי ווייס ווי שניי געווען און און מיט לאַנגע העלזער בייגעוודיקע. דאָס זיינען שוואַנען גע־ווען. זיי האָבן עפּעס אַ מאָדנע געשריי אַרויסגעלאָזט, זיי האָ־בן מיט די פּרעכטיקע גרויסע פליגלען אַ מאַך געטאָן, און זיינען פון די קאַלטע לאָנקעס אין די וואַרימע קאַנטן, וואָס פון יענער זייט בלויען ים, אָפּגעפלויגן. זיי האָבן זיך אויפ־געהויבן הויך־הויך, און דעם אָרימען קאַטשערל האָט עפּעס אַ

מאָדנע אויפרעגונג אַרומגעכאַפּט. ער האָט זיך אין וואַסער, ווי אַ דריידל דרייען גענומען, ער האָט דעם האַלז אויסגעצויגן און אויך אַזאַ הויך און מאָדנע געשריי אַרויסגעלאָזט, אַז ער האָט זיך אַזש פאַר דעם אַליין דערשראָקן. די וואונדערליכע פייגעלען זיינען אים פון קאָפּ נישט אַרויס, און ווען זיי זיינען שוין אינגאַנצן פון אויג פאַרשוואונדן, האָט ער זיך ביז צום סאַמע טייך־גרונט אַראָפּגעטוקט, צוריק אַרויס, אַרויף, און ווי עפּעס אויסער זיך געווען. דאָס קאַטשערל האָט נישט געוואוסט, ווי מ׳רופט זיי, יענע פייגלען, אָבער ליב געקראָגן האָט ער זיי, ווי ער האָט נאָך ביז אַהער קיינמאָל קיינעם נישט ליב געהאַט. ער האָט זיי נישט אויף זייער שיינקייט מקנא געווען, ס׳איז אים אַפילו אויפן זינען נישט געקומען, ער זאָל וועלן צו זיי ענליך זיין; ער וואָלט זיך באַנוגנט דערמיט, אַז כאָטש די קאַטשקעס זאָלן אים פון זיך נישט אָפּשטויסן. אָרים קאַטשערל העסליכס!

און אַ ווינטער איז געווען אַ קאַלטער, זעהר אַ קאַלטער. דעם קאַטשערל איז אויסגעקומען אָן אויפהער אין וואַסער אַרומצעשווימען, ער זאָל דאָס נישט לאָזן איינצופרירן אין גאַנצן; אָבער נאָך יעדער נאַכט זיינען די שטרעקעס, די פון אייז פרייע, אַלץ קלענער געוואָרן. ס׳האָט אַזאַ פראָסט גענומען, אַז די אייז־שטיקער האָבן אַזש טרעשטשען גענומען. דאָס קאַטשערל האָט כּסדר מיט די לאַפּקעלעך געאַרבעט, אָבער לסוף איז דאָס אָן כּח געבליבן, האָט זיך דאָס אָפּגעשטעלט און איז אינגאַנצן אַרומגעפרוירן געוואָרן.

גאַנץ־פרי איז דאָרט נאָנט דערביי אַ פּויער דורכגעגאַנגען. האָט ער דאָס צוגעפרוירענע קאַטשערל דערזען, האָט ער דאָס אייז מיט זיין האָלצערנעם שוך צעקלאַפּט און האָט דאָס עוף אַ היים צו זיין וויב געבראַכט. דאָס קאַטשערל האָט זיך דערוואַריבט.

נאָר אָט האָבן אָבער די קינדער פאַרטראַכט זיך מיט דעם אַ שפּיל צו מאַן. האָט דאָס קאַטשערל געמיינט, אַז זיי ווילן דאָס באַליידיגן, האָט זיך עס פון שרעק גלייך אין

מעלק־שעפל אַ וואָרף געטאָן, און די מילך האָט זיך אויסגע־
כלופּעט אײַנגאַנצן. די פרוי האָט אַ געשריי אַרויסגעלאָזט און
מיט די הענט אַ בראָך געטאָן; איז דערווייל דאָס קאַטשערל
אין דייזשקעלע ־מיט פּוטער אַריינגעפלויגן, און פון דאָרט אין
מעל־פעסל. טאַטע־פאָטער! ווי ס׳האָט אויסגעזען! די פרוי האָט
געגוואַלדעוועט און נאָך דעם מיט דעם קוילן־אָפּצווייגנ זיך
נאָכגעיאָגט, די קינדער זיינען געלאָפן, איינס דאָס אַנדערע
פון די פיס זיך אומוואַרפנדיק, און געכאַכעט און געקוויטשעט.
אַ מערכה נאָך, וואָס די טיר איז אָפן געשטאַנען, איז דאָס
קאַטשערל אַרויסגעלאָפן, איז דאָס אין די קוסטעס אַריין, גלייך
אויפן פרישן שניי דעם נאָר־וואָס אויסגעפאַלענעם, און לאַנג־
לאַנג דאָרט כמעט אָן אַ סימן לעבן געלעגן.

ס׳וואָלט שוין גאָר־גאָר טרויעריק געווען צו באַשרייבן
די אַלע שלעכט־טרעפענישן, וואָס האָבן זיך דעם קאַטשערל
פאַר דער צייט פונם בייזן ווינטער געטראָפן. דערפאַר אָבער,
ווען די זון האָט ווידער אַ מאָל די ערד מיט אירע וואַרימע
שטראַלן דערוואַרימט, האָט זי דאָס קאַטשערל אין זומפּ און
אין אָטשערעט ליגן דערזען. ס׳האָבן די שפּיל־פייגל צו זינגען
אָנגעהויבן, ס׳איז זומער־לעב געקומען.

דאָס קאַטשערל האָט מיט די פליגלען אַ פאָכע געטאָן
און פליען אָנגעהויבן; איצט האָבן זיינע פליגלען גערוישט
און זיינען אַ סך שטאַרקער, ווי פריער, געווען. דאָס קאַטשערל
האָט זיך נאָך נישט באַוויזן צו באַדענקען, ווי ס׳האָט זיך אין
אַ גרויסן סאָד שוין געטראָפן. די עפּל־ביימער זיינען אַלע אין
בליטן אָנגעטאָן געשטאַנען; דער שמעקנדיקער בעז האָט זיינע
לאַנגע, גרינע צווייגן איבער אַ שליינגלענדיקן קאַנאַל אײַ־
בערגעבויגן.

אַך, ווי גוט ס׳איז דאָ געווען! ווי ס׳האָט מיט פרילינג
געשמעקט! פּלוצלים, זיינען פון דעם אָטשערעט־געדיכטעניש
דריי וואונדערליכע ווייסע שוואַנען אַרויסגעשוואומען. זיי זיינען
אַזוי גרינג און שוועבנדיק געשוואומען, גלייך ווי זיי וואָלטן
זיך געגליטשט איבערן וואַסער. דאָס קאַטשערל האָט די שיינע

פייגלען דערקענט, און אים האָט עפּעס אַ מאָדנער טרויער אַרומגעכאַפּט.

— איך וועל אַ פּלי טאָן צו אָט די מלכותדיקע פייג־לען! זיי וועלן מיך געוויס דערהרגענען פאַר מיין העזה, דערפאַר, וואָס איך, אַזאַ העסליכער, האָב זיך דערוועגט צו זיי צו דערנענטערן. אָבער לאָזן זיי! בעסער דערהרגעט ווערן פון זיי, איידער איבערטראָגן דאָס ציפּן פון די קאַטשקעס און די הינער, דאָס שטויסן זיך פון דער עופות־באַדינערין, און איידער צו ליידן קעלט און הונגער אום ווינטער.

און דאָס קאַטשערל איז אין וואַסער אַריינגעפלויגן און אַנטקעגן די שוואַנען־שיינהייטן געשוואומען, און זיי, אים דערזעענדיק, האָבן זיך אויך צו אים אַנטקעגן געלאָזט.

הרגעט מיך! — האָט געזאָגט דאָס אומגליקליכע און ס׳האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, אויפן טויט וואַרטנדיק. אָבער וואָס האָט דאָס דערזען אין דעם וואַסער, אין דעם, ווי שפּיגל, ריינעם? זיין אייגן בילד, אָבער דאָס איז שוין נישט קיין העסליך־גרויליכער פויגל געווען, נאָר — אַ שוואַן!

ס׳איז קיין אומגליק נישט אויף דער וועלט פון אַ קאַטש־קע־נעסט אַרויסצוקומען, אַבי נאָר מ׳האָט זיך פון אַ שוואַנען־איי אויסגעפּיקט.

איצט איז ער צופרידן געווען, וואָס ער איז אַזוי פיל צרות און אומגליק אויסגעשטאַנען, ער האָט איצט בעסער געקאָנט אָפּשאַצן זיין גליק און אַל־די־פּראַכט, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט. די גרויסע שוואַנען זיינען אַרום אים אַרום־געשוואומען און האָבן אים געצערטלט, מיט די פּיסקעס זיינע פעדערלעך געגלעט.

אין סאָד אַריין זיינען קליינע קינדער צו לויפן געקומען, זיי האָבן די שוואַנען ברויט־ברעקלעך און זוימען־קערנדלעך וואַרפן אָנגעהויבן, און סאַמע דער קלענסטער פון די קינדער האָט אויסגעשריגן:

— אַ נייער! אַ נייער!

און אַלע איבעריקע האָבן אונטערגעכאַפּט: יאָ, אַ נייער!

אַ נייער! — האָבן זיי מיט די הענטלעך געפּליעסקעט און פֿאַר פֿרייד אונטערגעטאַנצט; נאָכדעם זײַנען זיי נאָך דעם טאַטן און נאָך דער מאַמען אַוועקגעלאָפֿן און האָבן ווייטער אין וואַסער ברויט-בּרעקלעך און קיכלעך-שטיקלעך געוואָרפֿן. אַלע האָבן געזאָגט, אַז דער נייער איז דער שענסטער פֿון אַלע. אַזאַ יונגער, און אַזאַ חיותדיקער.

און די אַלטע שוואַנען האָבן פֿאַר אים די קעפּ געבויגן.

און ער האָט זיך גאָר פֿאַרלוירן און האָט דעם קאָפּ אונטער דעם פֿליגל באַהאַלטן, אַליין פֿאַר וואָס נישט ווייסנדיק. ער איז איבּערפֿולט גליקלעך געווען, אָבער אויף אַ האָר זיך נישט גרויס געהאַלטן — דאָס גוטע האַרץ ווייס פֿון קיין גדלות נישט — געדענקענדיק יענע צײַט, ווען אַלע האָבן אים געיאָגט און פֿאַראַכט. און איצט זאָגן אַלע, אַז ער איז דער שענסטער צווישן די שענסטע! דער בּעז האָט צו אים זײַנע שמעקעדיקע צווײַגן אַראָפּגעבויגן, די זון האָט אַזוי וואַרעם אַרײַנגעשײַנט... און אָט, האָבן זיך זײַנע פֿליגלען צערוישט, דער שמאַלטנער האַלדז האָט זיך אויסגעגלײַכט, און פֿון דער בּרוסט האָט זיך אַ זיג-פֿרייד-געשריי אויסגעריסן.

— ניין, פֿון אַזאַ גליק האָב איך גאָרנישט געחלומט אַפֿילו, ווען איך בין נאָך אַ העסלעך קאַטשערל געווען!



# די מאַרגאַריטקע.

נו, הער!

אונטער דער שטאָט, ביים סאַמע שליאַך, איז געשטאַנען אַ שטיבעלע אַ זומער־וואוינונג. געוויס האָסטו עס אַליין אויך געזען. פאַרן שטיבעלע איז אַ גערטנדל מיט אָפּגעפּאַרבטע־שטאַכעטעלעך פאַרזעצט געווען, און פון יענער זייט שטאַכעטעלעך, נעבן דעם ריטשקעלע, אין געדיכטן גרינעם גראָז דאָרט, איז אַ קליין מאַרגאַריטקעלע אויסגעוואָקסן. די זון האָט אויך דעם מאַרגאַריטקעלע, ווי די גרויסע און פּרעכטיקע גאָרטן־בלומען, ליכטיקע און וואַרימע שטראַלן געשיקט, און דערום איז דאָס נישט פון טאָג צו טאָג, נאָר פון שעה צו שעה געוואַקסן. איינמאָל אין אַ פרימאָרגן איז עס שוין אינגאַנצן אַ צעלאָזטעס געשטאַנען, מיט די קליינע און בלענדנדיק ווייסע בלעטעלעך, וואָס אַזוי ווי די שטראַלן האָבן דאָס קליינע מיט־זונעלע ארומגערינגלט. דאָס מאַרגאַריטקעלע האָט ניט געטראַכט, אַז קיינער וועט עס דאָ צווישן גראָז נישט דערזען און אַז ס'איז אַן אָרים און פאַרשעמט בלימעלע בסך־הכל; ניין, ס'איז אַזוי צופרידן און פריילין געווען: ס'האָט זיך גלייך צו דער וואַרימער זון אויסגעדרייט, געקוקט אויף איר, און דעם שפּיל־פויגלס געזאַנג געהערט, וואָס האָט זיך דעמאָלט הויך־הויך איבער דער ערד אַרומגעטראָגן.

דאָס קליינע מאַרגאַריטקעלע האָט זיך אַזוי גליקליך און פריילין געפילט, גלייך ווי מ'וואָלט דעמאָלט אַ גרויסן יום־טוב

געיומטובט, ווען אינדעראמתן איז דעמאָלט בסך־הכל גאָר אַ פּראָסטער מאָנטאָג געווען. די קינדער זיינען דאַן אין שול געווען, און בשעת זיי זיינען דאָרט אויף זייערע בענק געזעסן און זייערע לימודים געלערנט, איז דאָס מאַרגאַריטקע׳ע דאָ אויף איר גרינעם שטענגעלע געזעסן און האָט אויך די וואַרימע זון און אַלץ, וואָס אַרום דעם, געלערנט, ווי גוט און רחמנותדיק גאָט דער לעבעדיקער איז; און וואוילגעפעלן איז דעם אויך דאָס, וואָס דאָס קליינע שפּיל־פויגעלע גיט אַזוי גוט און קלאָר דאָרט אין זיין ליד אַרויס, וואָס זי דאָ אין דער שטיל פילט איבער. מיט גרויס חסד־געפיל האָט דאָס מאַרגאַריטקעלע אויפן גליקליכן פויגעלע געקוקט, וואָס ס׳קאָן אי זינגען, אי פליען, נאָר דאָך דערביי אַפילו קיין ביסל זיך נישט מצער געווען, וואָס זי איז מיט אַזוינע געשאַנקען נים באַשאָנקען. — „איך זע און הער, — האָט עס געטראַכט, — די זון לויכט מיר, דער ווינט קושט מיך. אָ, מיט וואָס פאַר אַ רייכע שענקונגען גאָט האָט מיך באַשאָנקען!״

און פון דער זייט שטאַכעטעלעך אין גאָרטן זיינען אַ סך פּרעטענקע און שטאָלציק־אויסגעצויגענע בלומען געוואַקסן; וואָס וויניקער אייגע האָט געשמעקט, מער גדולדיקער האָט זי זיך געהאַלטן: די פּיאָנען האָבן זיך אָנגעבלאָזן, ווי נאָר זיי האָבן בעקאָנט, כדי זיי זאָלן אויסזען גרעסער פון די רויזן, גלייך ווי דער עיקר וואָלט אין דער גרויס געשטעקט. די טולפּאַנען האָבן מיט די פּרעכטיקסטע פאַרבן זייערע געשיינט; זיי האָבן עס אויסגעצייכנט געוואוסט, און זיי זיינען דערום גלייך און אויסגעצויגן געשטאַנען, מ׳זאָל זיי אַרויסזען בעסער. קיינער פון זיי האָט אַפילו קיין אַכט נישט געגעבן אויפן ענוודיקן בלימל דאָרט, וואָס איז פון יענער זייט שטאַכעטן געוואַקסן, דערפאַר אָבער דאָס בלימל האָט זיך אויף זיי זאָט נישט געקאָנט אָנקוקן און זיך געטראַכט: „ווי רייך און שיין זיי זיינען! צו זיי וועט געוויס דער שפּיל־פויגל צו גאַסט קומען! דאַנקען גאָט, וואָס איך שטיי כאָטש אַזוי נאָנט פון זיי, וועל אַך כאָטש, לכל הפחות, זיך אָנקוקן אין אים קאָנען״. נאָר

ודי נאָר דאָס בלימל האָט דאָס אָפּגעטראַכט, אַזוי האָט זיך באַלד אַ „קווי־וויט” דערהערט, און דער שפּיל־פויגל האָט אַראָפּ אַ פלי געטאָן, נאָר ניט צו די פּיאָנען און טולפּאַנען, — ניין, ער האָט זיך גלייך אין גראָז צו דער מאַרגאַריטקע אַראָפּגע־לאָזט. ווי ס׳האָט געשטויבט און זיך געוואונדערט, דאָס מאַר־גאַריטקעלע! פאַר גרויס פרייד האָט עס ניט געוואוסט, וואָס צו טראַכטן אַפילו.

און דאָס פויגעלע איז אַרום דעם אַרומגעשפּרונגען און געזונגען: „וואָס פאַר אַ ווייך גראָז דאָ איז! און וואָס פאַר אַ בלימעלע מיט אַ גאָלדן הערצעלע און מיט אַ זילבערן קליי־דעלע! און באמת, דאָס גאָלדענע היטעלע פון דער מאַרגאַ־ריטקע איז אויף גאָלד ענליך געווען, און די ווייסע בלעטעלעך אַרום האָבן ווי זילבער געשיינט.

ווי גליקליך דאָס מאַרגאַריטקעלע איז געווען, — ניין, דאָס קאָן מען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן. דאָס פויגעלע האָט עס מיטן פּיקערל אַ קוש געטאָן, דעם אַ לידעלע אָפּגעזונגען, און דערנאָך ווידער צום בלויען הימל זיך אַרויפדערהויבן. איז אַוועקגעגאַנגען אַ פערטל שעה אודאי, ביז דאָס בלימעלע איז אײנגאַנצן צו זיך געקומען. אַ ביסל פאַרשעמט, נאָר אין הערצל צופרידן, האָט דאָס מאַרגאַריטקעלע אויף די אַנדערע גאָרטן־בלומען זיך אַרומגעקוקט: זיי האָבן דאָך געזען, וואָס פאַר אַ גליק ס׳האָט דאָס געטראָפן; זיי דאַרפן דאָך פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ פרייד דאָס איז! אָבער די טולפּאַנען זײַנען נאָך אָנגעבלאָזענער און גדולדיקער, ווי פריער, געשטאַנען, און די פּנימער זייערע זײַנען פון פאַרדראָס רויט און אָנגעצויגן גע־ווען. אויך די פּיאָנען האָבן אָנגעבלאָזענע געקוקט: ס׳איז נאָך גוט, וואָס זיי האָבן רעדן נישט געקאָנט, אַ׳נים וואָלטן זיי דאָס מאַרגאַריטקעלע נאָך גוט אָנגעזידלט געווען! האָט דאָס אָרימע בלימעלע געזען, אַז זיי זײַנען נישט אויפגעלייגט און ס׳האָט זיך זעהר מצער געווען.

פונקט דעמאָלט איז אין גאָרטן אַ מיידעלע מיט אַ גרויסן, שאַרפן און בליאַסקעדיקן מעסער אַריינגעגאַנגען; זי איז גלייך

צו די טולפּאַנען צוגעגאַנגען און איינס נאָכן צווייטן אָפּגע־שניטן. „אוך"! — האָט אָפּגעזיפצט דאָס מאַרגאַריטקעלע: — ווי שרעקליך דאָס איז! אָט איז דער סוף זייערער!" דערנאָך האָט דאָס מיידעלע די טולפּאַנען מיט זיך אַוועקגעטראָגן. האָט זיך שוין איצט דאָס מאַרגאַריטקעלע געפרייט, וואָס עס איז אַן אָרים און פּראָסט בלימעלע און וואַקסט נישט אין גאָרטן, נאָר אין גראָז און פון יענער זייט פּאַרקאַן; און ס'איז פול מיט טיפער דאַנקבאַרקייט איבערגעבליבן געוועזן, און אַז די זון איז פאַרגאַנגען, האָט עס די בלעטעלעך צונויפגענומען, אַנטשלאָפן געוואָרן און די גאַנצע נאַכט וועגן דער זון און וועגן שפּיל־פויגעלע געחלומט.

אויף מאָרגן אינדערפרי, ווען דאָס בלימל האָט איבער־אַנייס זיינע ווייסע בלעטעלעך, ווי הענטלעך, פרייליך צו דער זון אויסגעשטרעקט, האָט עס ווייסער דאָס קול פון פויגעלע דערהערט, אָבער ווי אומעטיק איז דאָס לידעלע איצט געווען. יאָ, דעם אָרימען שפּיל־פויגעלע איז איצט קיין פרייד נישט געגאַנגען. מ'האט עס געפאַנגען און ס'איז איצט ביי אַן אָפּע־נעם פענסטער אין אַ שטייגעלע געזעסן. און ס'האָט וועגן דער פריי געזונגען, וועגן דעם, וואָס פאַר אַ גליק ס'איז אויף דער פרייהייט אַרומצופליען, וועגן יונגן, גרינעם קאָרן אויפן פעלד און וועגן די וואונדערליכע רייזעס, וואָס ס'האָט הויך־הויך אין דער לופט און אויף די פליגעלעך געקאָנט מאַכן, און דאָס אָרימע פויגעלע איז טרויעריק געווען: ס'איז איצט אין געפענ־געניש און אין שטייגעלע געזעסן...

האָט זיך דעם קליינעם מאַרגאַריטקעלע זעהר דעם העלפן געוואָלט, נאָר ווי אַזוי? האָט עס בשום אופן נישט געקאָנט צוטראַכטן. ס'האָט שוין פאַרגעסן אַצינד אָן דעם, ווי אַלץ איז אַזוי שיין אַרום, ווי וואַרימט די זון און ווי טייער־גוט אירע ווייסע בלעטעלעך שיינען. וויי! ס'האָט נאָר וועגן געפאַנגענעם פויגעלע טראַכטן געקאָנט, פאַר וועלכן ס'האָט גאָר־נישט, טאַקע לחלוטין גאָרנישט טאָן נים געקאָנט.

פונקט דעמאָלט זיינען פונם גאָרטן צוויי קליינע יינגעלעך

אַרויסגעגאַנגען; ביי איינעם פון זיי איז אין דער האַנט אַ מעסער געווען. איך אַזאַ מין גרויסער און שאַרפער, ווי דער, מיט וועלכן דאָס מיידעלע האָט די טולפּאַנען אָפּגעשניטן. זיי זיינען גלייך צו דעם מאַרגאַריטקעלע צוגעגאַנגען, נאָר דאָס מאַרגאַריטקעלע האָט זיך ניט אָנגעשטויסן, וואָס ביי זיי אין געדאַנק איז געווען.

— אָט דאָ וועלן מיר אַ טייערן דאָרן־שטיקל מיטן שפּיל־פויגעלע אויסשניידן, — האָט געזאָגט איינער פון די ייִנגלעך און גענומען אַרום דעם מאַרגאַריטקעלע אַ פיר־עק אויסשניידן, אַזוי אַז דאָס מאַרגאַריטקעלע האָט זיך אין דער מיט געפונען.

— רייס עס אָפּ דאָס בלימעלע! — האָט געזאָגט דאָס צווייטע ייִנגעלע. דאָס מאַרגאַריטקעלע איז פאַר שרעק דערציטערט געוואָרן, וואָרים אָפּגעריסן זיין — האָט דאָך שטאַרבן געהייסן, און איר האָט זיך נאָך אַזוי לאַנג לעבן געוואָלט און אינאיינעם מיטן דאָרן צום פויגעלע אין שטייגל אָנקומען.

— ניין, מירן עס איבערלאָזן, — האָט אָפּגעענטפערט דאָס ערשטע ייִנגעלע: — ס'באַשיינט דאָך אַזוי דעם דאָרן! — און אַזוי־ערנאָך איז דאָס מאַרגאַריטקעלע לעבן געבליבן און צום פויגעלע אין שטייגעלע זיך געטראָפן.

נאָר דאָס אָרימע פויגעלע, נעבעך, האָט זיך שטאַרק מצער געווען אויף דער פריי, אויף דער פאַרלאָרענער, און מיט די פליגעלעך אין די אייזערנע שטייגל־גראַטעלעך זיך געשלאָגן, און אַזוי ווי דאָס מאַרגאַריטקעלע האָט דאָך רעדן נישט געקאָנט, האָט עס דערום קיין וואָרט קיין טרייסט דעם נישט אַרויסגעזאָגט, נישט קוקנדיק אויפן שטאַרקן ווילן, וואָס ס'האָט געוואָלט. און אַזוי איז דער גאַנצער פרימאָרגן ביזן וואַרמעס אַוועקגעגאַנגען.

— ס'איז דאָ קיין וואַסער ניטאָ, — האָט זיך געקלאָגט דער געפאַנגענער שפּיל־פויגל. — זיי זיינען אַלע אַוועקגעגאַנגען און מיר פאַרגעסן אַ טרונק איבערלאָזן. אין האַלז איז מיר איבערגעטריקנט, אינעווייניק ברענט אַ פייער, און די לופט איז אַזאַ שווערע! אַך, איך מוז שטאַרבן, געזעגענען זיך מיט דער זון

דער ליבער; מיטן פרישן גרינעם און מיט אַלעם שיינעם פון גאָט און וועלט! — און ער האָט זיין פיקערל אין קילן דאָרן אַריינגעטאָן, כדי זיך אָפּפרישן אַ ביסל, און — ער האָט די מאַרגאַריטקע דערזען. האָט איר דאַן דאָס פויגעלע מיטן קעפל אַ שאָקל געטאָן, מיטן פּיקערל אַ קוש געטאָן און געזאָגט: און אויך דו וועסט דאָ פאַרטריקנט ווערן, אָרים קליין בלימעלע! דיך מיט אָט דעם שטיקעלע גרינעם גרעזעלע האָבן זיי מיר פאַר דער גאַנצער און ברייטער גאָטס וועלט געגעבן! זיי מיינען, אז אַ ליאַדע גרעזעלע וועט מיר אַ גרינעם בוים פאַר־בייטן, און יעדער ווייס בלעטעלע דיינס — אַ בלום אַ שמעקנ־דיקע! אַך, איר דערמאָנט מיר נאָר, וויפיל איך האָב פאַרלוירן!

— ווען איך זאָל עס קאָנען טרייסטן! — האָט געטראַכט דאָס מאַרגאַריטקעלע; נאָר ס'האָט נישט געקאָנט אַ ריר טאָן מיט קיין איין בלעטעלע אַפילו; נאָר דאָס שמעקעכץ, וואָס האָט זיך פון די איידעלע בלעטעלעך געטראָגן, איז געווען שטאַרקער, ווי געוויינליך; דאָס פויגעלע האָט דאָס באַמערקט, און הגם ס'האָט דעם דער דאָרשט געברענט און ס'האָט אַלע מאָל פון דער ערד אַ גרין גרעזעלע אויסגעריסן, אָבער דאָס בלימעלע האָט עס ניט אָנגערירט.

ס'איז געקומען דער אויפדערנאַכט; נאָר קיינער איז נישט געקומען דעם פויגעלע אַ טרונק צו געבן. האָט דאָס דאַן די שיינע פליגעלעך אויסגעצויגן און ציטערדיק מיט זיי אַ מאַך געטאָן; דאָס געזאַנג האָט זיך אין אַ רחמנות־פּיפּסן פאַר־וואַנדלט, דאָס קליינע קעפּעלע האָט זיך צום בלימל צוגעבויגן, און דאָס האַרץ פון פויגעלע איז פון בענקען און נישט־האָבן אויסגעגאַנגען. איצט האָט שוין דאָס בלימל נישט געקאָנט, ווי יענע נאַכט, די בלעטעלעך צונויפנעמען און אַנטשלאָפן ווערן; טרויעריק און קראַנק האָט אויך עס דאָס קעפּעלע צו דער ערד צוגעבויגן.

ערשט אויפן אַנדערן פרימאָרגן זיינען די יינגלעך געקו־מען, און אַז זיי האָבן דאָס טויטע פויגעלע דערזען, האָבן זיי

זיך ביטער·בצווײנט. דערנאָך האָבן זיי אַ שיין קברל אויסגעגראָבן, האָבן עס מיט בלומען־בלעטעלעך באַצירט, און דאָס טױטע קערפערל פון שפּיל־פֿויגעלע אין אַ שיין רויט פּושקעלע אַרײנגעלייגט. דעם אָרימען פֿויגעלע האָט מען אַ „לויה” ווי אַ מלך געמאַכט... ווען ס'האָט געלעבט און געזונגען האָט מען זיך אָן דעם פֿאַרגעסן, אין שטייג עס געהאַלטן און מיט דאָרשט געמוטשעט, און אַצינד האָט מען עס מיט בלומען באַצירט און באַוויינט. און דאָס שטיקל דאָרן מיט דעם מאַרגאַריטקעלע זיינען אויפֿן שטויבּיקן שליאַך אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן. און קיינער האָט גאָר ניט קיין טראַכט געטאָן אפילו וועגן דעם, וואָס ס'האָט מער פֿון אַלע אויפֿן אָרימען פֿייגעלע רחמנות געהאַט און אַזוי דאָס טרייסטן געוואָלט.



